# די דײטשע אטאקע
# אויף די העברעאישע שוהלען
# אין ארץ ישראל.

פון

איזרעל כהן, ב.א.

אויטאר פון „אידישען לעבען אין מאדערנע צייטען."

לאנדאן

—

תרע"ה

—

רעדאַקציע פון „דזשואיש קראָניקעל" און
„דזשואיש וואָרלד,"
2 פינסבורי סקוועער, א.ס. 2

—

1918



# די דייטשע אטאקע אויף די העברעאישע שוהלען אין ארץ ישראל.



די ענטוויקלונג פֿון אידישען לעבען אין ארץ ישראל פֿאר די לעצטע פֿאַר צעהנדליג יאָהר, איז געווען מערקבאַר ניט נור דורך דעם אידישען צוריקקעהר צום לאַנד, נור אויך דורך די ווידער־אויפֿלעבונג פֿון זייער אַלטער שפראַך אלס די אומגאַנגס שפראַך אין טעגליכען לעבען. דער געברויך פֿון העברעאיש אלס די אידישע הויפט שפראַך אין ארץ ישראל איז באַגרינדעט ניט נור אויף אַן אונגעדיינקליך אַלט היסטאָרישען פֿאַר־לאַנג, נור דאס האט אויך אַ ריין פראַקטישער זייט. די אידען וועלכע האבען זיך באַזעצט אין הייליגען לאַנד, האבען לכתחילה גערעדט די פֿאַרשידענע שפראַכען פֿון די לענדער פֿון וואַנעט זיי זיינען געקומען, און ס'איז דאַריבער געווארען אַ נויטווענדיגקייט אז זיי זאָלען ריידען און זיך אויסדריקען אין איין שפראַך, אום צו קענען פֿאַרשטעהן איינע די אנדערע און לעבען אַ האַרמאָנישען געמיינדע־לעבען.

די באַנוצונג פֿון העברעאיש פֿאר וועלטליכע זאַכען האט צוערשט באַגעגענט מיט ניט ווייניג אָפּאָזיציע מצד די עקסטרימע אָרטאָדאָקסען, אָבער אַ דאַנק די נאַציאָנאַלע התלהבות פֿון דער מעהרהייט פֿון די אידען וועלכע האבען זיך שפּעטער באַזעצט אין פּאַלעסטינאַ, איז מען די דאָזיגע אָפּאָזיציע איבערגעקומען. מ'האט געפֿיהלט, אז כדי דאס אידיש לעבען זאָל ווידער קריגען אַ אייגענאַרטיגען נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, מוז עס זיך אויסדריקען דורך דער שפראַך וואס דאס אידישע פֿאָלק האט גערעדט בעת ער האט געלעבט אלס אַ נאַציאָן אויף דער אייגענער ערד.

דער נאַטירליכער פועל יוצא פֿון באַנוצען העברעאיש אלס די נאַ־ציאָנאַלע שפראַך איז געווען, אז מ'האט עס אין אלע אידישע שוהלען אין פּאַלעסטינאַ אָנגענומען אלס די אונטעררינכטס שפראַך. ניט אומעטום איז געווען מעגליך איינצופֿיהרען העברעאיש אלס די אונטעררינכטונגס שפראַך, מחמת דעם וואס די מאָדערנע שוהלען זיינען געגרינדעט גע־ווארען פֿון אידישע אָרגאַניזאַציעס פֿון פֿאַרשידענע לענדער, און יעדע פֿון דיזע האט זיך באַמיהט איינצוואָרצלען די שפראַך פֿון איהר לאַנד. אַ פראַקטישע שוועריגקייט איז אויך געווען דער חסרון פֿון העברעאישע

טעקסט־ביכער פֿאר די פֿארשידענע וויסענשאַפֿטליכע למודים, און די לעהרער האבען געמוזט שאַפֿען די העברעאישע טערמינאַלאָגיעס בעת זייער אונטערריכטונג.

אָבער דער נאַציאָנאַלער גייסט האט גובר געווען דיזע אלע שטרויכלונגען. העברעאיש האט וואס אַמאָל מעהר אַריינגעדרונגען אין די אידישע שוהלען אין ארץ ישראל, און דיזער פראָגרעס איז ניט געהינדערט געווארען ביז „דער הילפֿס־פֿעראיין," די דייטש־אידישע פֿילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע, האט אונטער דעם דירעקטען אָדער אונדירעקטען איינפֿלוס פֿון דער דייטשער רעגירונג, אָנגעפֿאַנגען צו אונטערדריקען דעם געברויך פֿון העברעאיש אום צו מאכען אָרט פֿאר דער דייטשער שפּראַך. דיזע האַנדלונג האט אַרויסגערופֿען ביטערע אָפּאָזיציע, אי מצד די שוהלען ועלבסט און אי מצד דער באַפֿעלקערונג, און דער קאַמפּף וואס האט געפֿאָלגט איז געווען איינע פֿון די שלאָגענדסטע און בעדייטענדסטע עפּיזאָדען אין דער געגענוואַרטיגער געשיכטע פֿון פּאַלעסטינישען אידענטהום. דער קאָנפֿליקט וואס האט זיך צאָרענדיג צופֿלאַקערט סוף 1913, איז געווען דער רעזולטאַט פֿון אונצופֿרידענקייט וואס האט זיך צונויפֿגעזאַמעלט פֿאר אַ משך פֿון יאָהרען. אום צו צייגען ווי אַזוי דאס איז ענטשטאַנען, און וואס פֿאר אַ פֿאָרם עס האט זיך מאַניפֿעסטירט, און וואס די רעזולטאַטען זיינען געווען, איז נויטיג צו באַשרייבען בקיצור די סיסטעמע פֿון אידישען חנוך אין פּאַלעסטינאַ.

ביז דעם לעצטען פֿערטעל פֿון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, איז דער אידישער חנוך אין פּאַלעסטינאַ געווען נור אַ רעליגיעזער, און האט זיך לחלוטין ניט גערעכענט מיט די פֿאָדערונגען פֿון מאָדערנעם לעבען. די מעהרהייט פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג איז געווען אַבהענגיג אָן דער חלוקה — די צדקה וואס ווערט געזאַמעלט אין חוץ לארץ אים צו דערהאַלטען זייערע ברידער, וועלכע זיינען אויס פֿרומקייט אַוועק קיין ארץ ישראל אום דאָרט צו שטאַרבען. דער גייסט פֿון די דאַמאָלסדיגע אידען וועלכע האבען זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, האט זיך אָבגעשפּיגעלט אין דעם חנוך פֿון זייערע קינדער. דער איינציגער ציעל פֿון דיזע שוהלען איז געווען נור איינצופֿלאַנצען רעליגיעזע טראַדיציעס. דיזע שוהלען אָדער חדרים האבען פּארטרעטען דעם שטאַנדפּונקט פֿון שטרענגער אָרטאָדאָקסיע; און איז געווען אָהן אַ פּעדאָגאָגישען סדר. אַזעלכע שוהלען האבען נאך עקזיסטירט זאָגאַר פֿאַר'ן אויסברוך פֿון דער מלחמה.

די ערשטע מאָדערנע שוהלען זיינען געגרינדעט געווארען פֿון דער חברת „כל ישראל חברים" (אַליאַנץ איזראַליט אוניווערסאַל), אַ אָרגאַניזאַציע וועלכע איז אין 1860 פֿאָרמירט געווארען אין פּאַריז, מיט'ן ציעל

צו שיצען און אַכטונג געבען אויף די אידישע אינטערעסען אין דעם אָריענט. דער דאָזיגער פֿעראיין האט צוערשט געגרינדעט די אַגריקולטור שוהלע „מקוה ישראל“ אין 1870 נעבען יפו, און דאַן צווישען די יאָהרען 1881 און 1896, זיינען פֿון דער זעלבער אָרגאַניזאַציע אויפֿגעבויט געוואָרען מעהר פֿון אַ דוצענד שוהלען אין די הויפּט שטעדט פֿון פּאַלעסטינאַ, זאָ ווי ירושלים, חיפה, יפו, סאַפֿעד און טיבעריעס. דער צוועק פֿון דיזע שוהלען איז געוועזען צו געבען די קינדער אַ פֿראַנצויזישע ערציהונג מיט אַ אידישע באַפּוצונג. די שפּראַך פֿון דעם חנוך איז געוועזען פֿראַנצויזיש, און די לעהרער זיינען על פי רוב געוועזען אָנגעזאַפּטעט מיט דער פֿראַנצויזישער קולטור. די קינדער זיינען ניט איינגעפּלאַנצט געווארען מיט אַ באַזאָנדערע ליעבע צו ארץ ישראל, נור פֿאַרקעהרט, דער ציעל איז געוועזען אז זיי זאלען פֿארלאָזען דאס לאַנד.

דער בייטראָג פֿון ענגלישען אידענטהום צו דעם אידישען חנוך אין פּאַלעסטינאַ איז די עוועלינאַ דע ראָטשילד שוהלע, וועלכע איז געגרינדעט געווארען אין ירושלים אין 1880, און איז מיט 17 יאָהר שפּעטער איבער־גענומען געווארען פֿון דער „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן.“ אין דיזע שוהלע איז די אָפּיציעלע שפּראַך נאַטירליך געוועזען ענגליש, נור אין לויף פֿון דער צייט האט מען אַ טהייל פֿון די למודים אָנגעהויבען צו אונ־טעררריכטען אין העברעאיש.

אונטערדעסען האט „דער הילפֿס־פֿעראיין פֿון דייטשע אידען,“ די אידיש־דייטשע פֿילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פֿאָרמירט גע־ווארען אין 1901 מיט׳ן צוועק צו העלפֿען פֿאַרבעסערען דעם אידישען מצב אין מזרח אייראָפּאַ, זיך אויך אָנגעפֿאַנגען צו באַשעפֿטיגען מיט בויען שוהלען אין פּאַלעסטינאַ. דער אָרגינאַלער וואונש איז געוועזען צו ערפֿילען די וואונשען און באַדערפֿנישע פֿון דער איינגעבאָרענער באַפֿעל־קערונג, און דאַריבער איז אַ פֿאָרנעמענדער פלאַץ געגעבען געווארען צו דער העברעאישער שפּראַך, מיט דער האָפֿנונג אז דאַדורך וועט נעהמען אַ סוף פֿון דעם געמיש פֿון שפּראַכען וואס הערשט אין פּאַלעסטינאַ, און וואס איז אַזוי שעדליך צו אַ גוטע ערציהונג. אין 1908 האט דר. פּאָל נאַטהאַן, דער עהרען סעקרעטער און לייטענדער גייסט פֿון „הילפֿס־פֿעראיין,“ באַטאָנט די נויטווענדיגקייט פֿון באַנוצען העברעאיש אלס די אונטעררריכט שפּראַך אין די אידישע שוהלען אין פּאַלעסטינאַ. פֿאָלגליך האט מען אין די העברעע שוהלען און אין דעם קינדער גאַרטען פֿון „הילפֿס־פֿעראיין“ אָנגעפֿאַנגען צו אונטעררריכטען אין העברעאיש.

פּאַקטיש איז דאס געוועזען אַ פּראַקטישע נויטווענדיגקייט צו אַדאָפּ־טירען העברעאיש מחמת דעם געמישטען כאַראַקטער פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג. די קינדער וועלכע האבען באַזוכט די שוהלען האבען

געערדט פֿארשידענע שפראַכען, זאָ ווי אידיש, לאַדינאָ, אַראַביש, בוכאַריש, פערסיש און גרוזיניש — און דער איינציגער וועג אויף וועלכען ס'איז געווען מעגליך צו געבען אונטעררעכטונג צו זיי אַלעמען, איז געווען דורך דער אידיש נאַציאָנאַלער שפראַך. אָבער וועהרענד אין דעם „הילפֿס-פֿעראיין'ס" שוהלען איז באַנוצט געווארען מעהר העברעאיש ווי אין די שוהלען פֿון פאַריזער אַליאַנס און ענגליש-אידישען פֿעראיין, איז דאָרט באַנוצט געוואָרען פֿיעל וויינינגער העברעאיש ווי אין אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי די יפו'ער העברעאישע גומנאַזיום אָדער די ירושלים'ער תחכמוני, און דעם לעהרער סעמינאַר פֿון יפו. אין דיזע אינסטיטוציעס, באַזאָנדערס אין דער יפו'ער הויכשוהל, איז קלאָר באַוויזען געווארען אז מ'קען אונטעררעכטען אין העברעאיש מיט דער זעלבער מאָס ערפֿאָלג ווי אין וועלכער אַנדער מאָדערנער שפראַך. אין יפו'ער גומנאַזיום, וואס איז געגרינדעט געווארען אין 1906, האט מען אלע למודים אונטעררעכטעט אין העברעאיש, טראָצדעם וואס די לעהרער האבען ניט געהאט קיין טעקסט-ביכער און געמוזט שאַפֿען זייערע אייגענע ווערטער. בעת דעם אויסברוך פון דער מלחמה האבען דיזע אינסטיטוציעס ענטהאַלטען 700 סטודענטען, וועלכע האבען געקראָגען אַ גריגדליכע היינט-מאָדישע ערציהונג אין שפראַכען, וויסענשאַפֿט און אלע מאָדערנע נעגענשטענדע. די צייגניסע פֿון אַ סטודענט אז ער האט געענדיגט יפו'ער גומנאַזיום איז אַנערקענט געווארען פֿון אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטען, און מאַנכע יפו'ער סטודענטען זיינען אַריינגענומען געוואָרען אין פאַריזער, נויאָרקער און אנדערע אוניווערסיטעטען.

אָבער אונטערדעסען האט די דייטש-אידישע אָרגאַניזאַציע, וואס האט געמאַכט אַזאַ לויבענס-ווירדיגען אָנפֿאַנג לטובת די איינפֿלאַנצונג פֿון דעם העברעאישען גייסט אין די אידישע שוהלען אין פאַלעסטינאַ, זיך אַביסעל אָבגעקיהלט פֿון איהר ערשטע התלהבות, און לאַנגזאַם איז געווארען מערקבאַר אַ טענדעניץ פֿון געגנערשאַפֿט צו דער אידיש נאַציאָנאַלער שפראַך. אין 1911 איז דיזע ענדערונג שוין געווארען באַשיינפערליך פֿאַר יעדען בעאָבאַכטער. דער ערשטער צופֿאַל וואס האט געצויגען די עפֿענטליכע אויפֿמערקזאַמקייט צו דער העברעאישער געגנערשאַפֿט, איז געווען די אַלגעמיינע פֿערזאַמלונג פֿון דעם פאַלעסטינישען לעהרער פֿעראיין וואס איז פֿאָרגעקומען אין אָגוסט 1913 אין יפו. מעהר פֿון 100 לעהרער פֿון אלע טיילען פֿון פאַלעסטינאַ האבען זיך באַטייליגט אין דער פֿערזאַמלונג, און אַ דריטעל פֿון דיזע צאָהל איז געווען אָנגעשטעלטע פֿון דעם „הילפֿס-פֿעראיין." די לעהרער האבען דיסקוטירט די באַדינגונגען אין די שוהלען וועלכע שטעהן אונטער דער השגחה פֿון „הילפֿס-פֿעראיין," און האבען שאַרף קריטיקירט דעם פֿאַרזוך פֿון דער

אָרגאַניזאַציע צו אונטערדריקען די העברעאישע שפּראַך, און געבען דעם פֿאָרצוג צו דער דייטשער שפּראַך.

די פֿערזאַמלונג האט זיך געענדיגט מיט דער פֿאָלגענדער רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען במעט איינשטימיג: „די פּרינציפּען פֿון אַ נאַציאָנאַלע ערציהונג פֿאָדערען אז אלע געגענשטאַנדען זאָלען געלערענט ווערען אין דער העברעאישער שפּראַך, און דיזע פֿערזאַמלונג פֿון דעם לעהרער פֿעראיין פֿאַרפּפֿליכטעט זיך צו קעמפּפֿען מיט דאס גאַנצע ענערגיע געגען די אונטערדריקונג פֿון וועלטליכע למודים אין אַ פֿרעמדער שפּראַך.‟ דיזע רעזאָלוציע איז ניט געווען באַגרינדעט אויף קלאַגען אָדער אויף אונקלאָרע חשדים, נור געוויסע פֿאַקטען וועלכע זיינען געוואָרען אייפּ־מערקזאַם צו די לעהרער פֿון דעם „הילפֿס־פֿעראיין‟ האט זיי איבערצייגט אין וואס פֿאר אַ ריכטונג די דייטש־אידישע אָרגאַניזאַציע געהט. עס וועלען געניג זיין איניגע ביישפּיעלע.

אין דעם ווינטער פֿון 1913-1912, האט דר. בראַוער אין דער פֿאָן לאָמעל שולע אונטערריכטעט פּעדאַגאָגיע, געאָגראַפֿיע און היסטאָריע אין דער העברעאישער שפּראַך. מיט אַמאָל האט ה׳ אפרים כהן, דער דירעקטאָר פֿון די „הילפֿס־פֿעראיין‟ שולען, געגעבען אַ פֿאַראָרדנונג אז די דאָזיגע אלע למודים זאָלען איבערגע׳חזר׳ט ווערען אין דער דייטשער שפּראַך, און אזוי ווי דר. בראַוער האט זיך ענטזאַגט עס צו טוהן, האט דער דירעקטאָר זעלבסט געגעבען די לעקציעס אין דייטש. פּסח צייט אין 1913 האט ה׳ כהן געפֿאָדערט אז דייטש געאָגראַפֿיע, געשיכטע און פּעדאַגאָגיע זאָלען שטענדיג געלערענט ווערען אין דייטשער שפּראַך, ניט נור די איבער׳חזר׳ונג זאָל זיין אין דייטש נור דער עצם למוד אייך, און ער האט דורכגעפֿיהרט דיזע פֿאָדערונג מיט דער הילפֿע פֿון אנדערע לעהרער. אין 1912-1911 האט מען געלערנט מאַטאָמאַטיק אין העברעאיש, אָבער סוף 1912 איז באַשטימט געוואָרען אַ נייער לעהרער פֿאַר דיזען געגענשטאַנד, איינער אַ דר. חברוני פֿון פּאַלעסטינאַ, וועלכער איז געצוואונגען געוואָרען צו אינטערריכטען אין דער דייטשער שפּראַך, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער האט דער דייטשער שפּראַך וועניג וואס געקענט, נאָכמעהר, גומנאַסטיקע איז אונטערריכטעט געוואָרען נור אין דייטשער שפּראַך.

אין יפו האט דער „הילפֿס־פֿעראיין‟ צוערשט געהאט צוויי דירעקטאָרען פֿאַר ערציהונגס אַרביט, איינער איז געווען פֿאַראַנטוואָרטליך פֿאַר אונטערריכטונג אין העברעאיש און דער צווייטער פֿאַר דייטש. אין 1913 האט דער דייטשער דירעקטאָר ה׳ כהן איבערגענומען דעם קאָנטראָל איבער אלע שולען. פֿיעלע ענדערונגען פֿון אַ אַנטי־העברעאישען כאַראַקטער זיינען פֿון ה׳ כהן געמאַכט געוואָרען שטופֿענווייז, כדי ניט

אַרויסצורופֿען ענערגישע פּראָטעסטען מצד די לעהרער. נור אי די לעה־רער און אי די תלמידים האבען געשפּירט די ענדערונגען, און זיי האבען געפֿיהלט טיעפֿע אונצופֿרידענקייט. דיזע אונצופֿרידענקייט איז קלאָר באַוויזען געוואָרען אין דער פּעטיציע וועלכע זיי האבען געשיקט צו דר. פּאָל נאַטהאַן, וועלכער האט געהאט די קראַפֿט — ווען ער זאָל געוועלט — זי אויסנוצען — צו אונטערדריקען די פֿיינדליכע טענדענצען געגען העברעאיש.

די וואַקסענדע אונצופֿרידענקייט צווישען די לעהרער איז אויפֿמערק־זאַם געוואָרען צו דר. שמריהו לעווין, מיטגליעד פֿון ענגען אַקציאָנס קאָמיטעט, וועלכער האט פֿאַרווײלט אין פּאַלעסטינאַ פֿאַר אייניגע חדשים אין די אינטערעסען פֿון דעם העברעאישען טעכנישען אינסטיטוט, פֿון וועלכען ער איז געווען איינער פֿון די מנהיגים. ער האט געהאָפֿט אַז ה׳ דזשיימס סימאָן, פּרעזידענט פֿון „הילפֿס־פֿעראיין,״ און דר. פּאָל נאַט־האַן, עהרען סעקרעטער, וועלכע האבען פֿאַרטרעטען זייער אָרגאַניזאַציע אלס משגיחים פֿון דעם טעכנישען אינסטיטוט, וועלען געבען פּראַקטישע באַווייזע אַז זייער פּאָליטיק איז ניט צו אונטערדריקען העברעאיש, דורך באַשטימען אַז דער סדר פֿון די למודים זאָלען זיין אין העברעאיש. ליידער האט זיך אויסגעלאָזט אַ ענטוישונג פֿון דר. לעווין׳ס האָפֿנונג.

דער אידיישער אינסטיטוט פֿאַר טעכנישע בילדונג איז געפּלאַנט גע־וואָרען אין חיפה, ווייל עס האט זיך געפֿיהלט אַ נויטווענדיגקייט פֿון אַ העכערע בילדונגס סיסטעמע אין לאַנד. די כונה איז געווען צו געבען אידען אַ העכערע טעכנישע ערציהונג, באַזאָנדערס אין אינזשינירייי, אַר־כיטעקטור און אַפּטייקעריי, כדי זיי זאָלען קריגען פֿאַראַנטוואָרטליכע פּאָזיציעס אין ארץ ישראל און די נאַכבאַרע לענדער. אַ פּלאַץ איז געפֿונען געוואָרען אונטער דעם באַרג כרמל, און דער אידישער נאַציאָנאַל פֿאָנד האט באַצאָהלט די קאָסטען פֿאַר דעם פּלאַץ — 4,000 פֿונט — וועהרענד פֿיעלע אידען אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ, ציוניסטען און ניט־ציוניסטען, האבען זיך פֿאַראייניגט אין שאַפֿען אַ פֿאָנד פֿאַר דעם בויען און אויס־שטאַטען דעם אינסטיטוט. די גרעסטע סומע איז געשאַפֿען געוואָרען פֿון די אידען אין רוסלאַנד און אַמעריקאַ. די וויסאָצקי פֿאַמיליע האט געגעבען 21,500 פֿונט, און מר. דזשייקאָב שיף האט בייגעשטייערט 21,000 פֿונט. די אַמעריקאַנער אידען און די „בני ברית״ האבען אויך געווידמעט אַ סומע פֿאַר תלמידים וועלכע וועלען זיך אויסצייכענען אין זייערע למודים.

אין דייטשלאַנד זיינען 12 מתנות געווידמעט געוואָרען פֿאַר די תלמידים, ה׳ דזשיימס סימאָן האט בייגעשטייערט 5,000 פֿונט, און דר. פּאָל נאַטהאַן אַ יעהרליכע הכנסה פֿון 650 פֿונט. לויט דער פּראָפּאָרציע פֿון זייער פֿינאַנציעלע שטיצע האבען די אַמעריקאַנער אידען געהאט נייַן פֿאַר־

טרעטער אין דירעקטאָריום פֿון דעם אינסטיטוט, און די וויסאָצקי פֿאַמיליע האט געהאַט זעקס פֿאַרטרעטער. די שטיצע וואס איז געקומען פֿון אַמעריקאַ איז געווען דער רעזולטאַט פֿון די פּערזענליכע אַרבייט פֿון דר. לעווין, וועל־כער האט געמאַכט אַ נסיעה קיין אַמעריקאַ, און האט אין אַ ענערגישע פּראָפּאַגאַנדאָ באַטאָנט ווי וויכטיג דאס איז פֿאַר דער העברעאישער קולטור אז דער אינסטיטוט זאָל געבויט ווערען, און וואו העברעאיש וועט זיין די הערשענדע שפּראַך. דאס איז געווען נור צוליעב דיזען טעם — אז העברעאיש וועט זיין די הערשענדע שפּראַך — וואס דר. לעווין, דער זעלינגער דר. יחיאל טשלענאָוו, און ה׳ אשר גינצבורג („אחד העם״) וועלכע האבען אלס ציוניסטישע פֿאַרטרעטער איינגעוויליגט צו ווערען מיטגליעדער פֿון דירעקטאָריום. די ווירטשאַפֿט פֿון דער באָרד איז איי־בערגעגעבען געווארען אין די הענד פֿון ה׳ דזשיימס סימאָן און דר. נאַטהאַן. אויפֿ׳ן פֿאַרלאַנג פֿון דירעקטאָריום איז דר. לעווין אָבגעפֿאָהרען קיין חיפה, אום צו זעהן אז דער אינסטיטוט זאָל וואס שנעלער פֿאַרטיג ווערען, און אַ דאַנק זיין אַרבייט האט שוין געהאַלטען נאָהנט פֿון פֿאַר־פֿאָלקאָמונג.

נאך דר. לעווין׳ס צוריקקעהר פֿון פּאַלעסטינאַ, האט ער און זיינע חברים פֿאַרלאַנגט אז דער סדר הלימוד פֿון דעם טעכנישען אינסטיטוט זאָל באַשטימט ווערען, און אז העברעאיש זאָל אָנגענומען ווערען אלס די שפּראַך פֿון אונטערריכטונג. אויף אַ זיצונג פֿון דירעקטאָריום וואס איז געהאַלטען געווארען דעם 26־טען אָקטאָבער 1913 (אויף וועלכער פֿאַר־טרעטער פֿון אַמעריקאַנער אידען זיינען ניט געווען אַנוועזענד), האט דר. לעווין פֿאָרגעשלאָגען אז העברעאיש זאָל זיין די איינציגע שפּראַך אין דער פֿאָרברייטונגס שוהלע, און אז אין דעם טעכנישען אינסטיטוט זאָל לפּחות איין וויסענשאַפֿטליכע פֿאַקולטעט געלערענט ווערען אין העברעאיש.

דיזער פֿאָרשלאַג איז געווען אַ פשרה, דאָך איז ער פֿאַרוואָרפֿען געווארען דורך אַ מעהרהייט פֿון דייטשע פֿאַרטרעטער, וועלכע האבען געוואָלט אז די הערשענדע שפּראַך זאָל זיין נור דייטש. די רוסישע מיטגליעדער, הערען וויסאָצקי און צייטלין, האבען אין פּרינציפּ איינגע־שטימט מיט דר. לעווין, אָבער דאָך האבען זיי געשטימט פֿאַר דער רעזאָלוציע פון ה׳ סימאָן און דר. נאַטהאַן, ווייל די לעצטע האבען גע־סטראַשעט צו רעזיגנירען אויב זייער פֿאָרשלאַג וועט ניט אָנגענומען ווערען, און זיי האבען אויך געדראָהט מיט פּאָליטישע שוועריגקייטען. אין די רעזאָלוציע איז ערקלערט געווארען, אז קיין אָפֿיציעלע שפּראַך זאָל ניט הערשען פֿאַר אלע פֿאַקולטעטען, אז אלע וויסענשאַפֿטליכע און טעכנישע געגענשטאַנדען זאָלען געלערנט ווערען אין דער דייטשער שפּראַך, און אז העברעאיש זאָל נור געלערנט ווערען אויף אזוי פֿיעל נור

ווי ס'איז נויטיג פֿאר די סטודענטען צו לעזען די העברעאישע ליטעראַטור אין דעם אָרגינאַל. פּראָפֿעסאָר מאַרטין פֿיליפּזאָן האט פֿאָרגעשלאָגען אז לפּחות היסטאָריע און געאָגראַפֿיע זאָלען געלערנט ווערען אין העברעאיש, אָבער אויך דיזער פֿאָרשלאַג איז פֿאַרוואָרפֿען געוואָרען, און די פראַגע דייטשע רעזאָלוציע פֿון די „הילפֿס-פֿעראיין" פֿאַרטרעטער איז דורכגעפֿיהרט געוואָרען. אזוי ווי אַזאַ באַשלוס איז געוועזען אין דירעקטער געגענערשאַפֿט צו דעם פראָגרעס פֿון העברעאישע קולטור אין ארץ ישראל, פֿאר וועלכען דר. לעווין, „אחד העם," און דער זעליגער דר. טשלענאָוו האבען פֿאר אזוי פֿיעל יאָהרען געאַרבייט, האבען דיזע אלע דריי מיטגליעדער רעזיגנירט פֿון דירעקטאָריום.

אין ארץ ישראל האט די רעזאָלוציע פֿון דעם „הילפֿס-פֿעראיין" אַרויסגערופֿען צאָרענדיגע פראָטעסטען. די אידען אין פּאַלעסטינאַ האבען געפֿיהלט אז אַ פֿאַרזוך ווערט געמאַכט אָבצוהאַלטען אָדער צו אונטערדריקען אין גאַנצען דעם נאַטירליכען אינטעלעקטיואַלען אויסדרוק פֿון זייער נאַציאָנאַלען לעבען. אין יפו, ירושלים און חיפה זיינען אימפּאָנירענדע דעמאָנסטראַציעס פֿאָרגעקומען, אויף וועלכע רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען, אז די דירעקטאָריום זאָל פֿין דאס ניי באַטראַכטען דעם באַשלוס, און אז העברעאיש זאָל דורכאויס באַשטימט ווערען די הערשענדע שפּראַך אין דעם טעכנישען אינסטיטוט. די איניציאַטיווע פֿון דיזע דעמאָנסטראַציעס איז געקומען פֿון דעם „מרכז המורים," די אמת'ע וועכטער פֿון דער העברעאישער קולטור אין פּאַלעסטינאַ. די וויכטיגסטע פֿון דיזע דעמאָנסטראַציעס איז פֿאָרגעקומען אין חיפה אַן דעם 15-טען נאָוועמבער, 1913, אויף אַ אָפֿענעם פּלאַץ געגענאיבער דעם טעכנישען אינסטיטוט, די צוזאַמענקונפֿט פֿון וועלכען האט ערוועקט אַזאַ שטורעם אין דער אידישער וועלט.

ניט נור אין די שטעדט נור אויך אין די אלע אידישע קאָלאָניעס איז ערהויבען געוואָרען די פראָטעסט שטימע, און ס'איז געוועזען גאַנץ נאַטירליך אז די באַוועגונג צו פֿאַרטיידיגען העברעאיש זאָל זיך פֿאַרשפּרייטען אין אלע שוהלען פֿון דעם „הילפֿס-פֿעראיין." די סטודענטען פֿון די העברעאישע שוהלען, זאָ ווי די לעהרער-סעמינאַריע און די קאָמערציעלע-שוהלע אין ירושלים, האבען צונויפֿגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכען זיי האבען פּראָטעסטירט געגען דעם וואס די למודים ווערען אונטעררירכטעט אין דייטש, אַ שפּראַך וואס זיי פֿאַרשטעהן ווייניג, און זיי האבען געפֿאָדערט אז אלע למודים זאָלען אונטעררריכטעט ווערען אין העברעאיש. דער מעמאָראַנדום איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם דירעקטאָר ה' כהן, וועלכער האט עס איגנאָרירט.

דערווייל האט דער „הילפֿס-פֿעראיין" זיך אַביסעל דערשראָקען פֿאר

די אונערוואַרטעטע ענטוויקלונגען, און דר. פּאָל נאַטהאַן איז געקומען קיין פּאַלעסטינאַ דעם 25־טען נאָוועמבער 1913 אליין צו אונטערזובען די לאַגע. די לעהרער פֿון די „הילפֿס־פֿעראיין“ אינסטיטוציעס, די מעהרסטע פֿון וועלכע האבען פֿאר פֿיעלע יאָהרען פֿאַרבראַכט אין פּאַלעסטינאַ, האבען פֿאר דר. נאַטהאַן פֿאָרגעליגט אַ מעמאָראַנדום אין וועלכען זיי האבען געפֿאָדערט, אז העברעאיש זאָל זיין די הערשענדע שפּראַך פֿאר אלע וויסענשאַפֿטליכע למודים, און האבען אויפֿגעוויזען ווי שעדליך דאס איז צו לערנען מיט די קינדער אין דייטש, אַ שפּראַך וואס איז זיי גאַנץ פֿרעמד. דר. פּאָל נאַטהאַן האט צום מאָל ניט געפֿונען פֿאר נויטיג צו געבען אַ געשריבענעם ענטפֿער, נור האט זיך ערקלערט אלס געגנער פֿון די לעהרער׳ס פֿאָדערונגען.

דער פּועל־יוצא איז געווען אז אלע סטודענטען פֿון דעם ירושלים׳ער לעהרער סעמינאַר האבען פֿאַרלאָזען די שוהלע, ערקלערענדיג אז זיי וועלען ניט צוריקקומען ביז העברעאיש וועט ווערען די אונטעררי‎כט שפּראַך; דאס זעלבע איז אויך געווען אין יפו וואו די תלמידים פֿון דער „הילפֿס־פֿעראיין“ שוהלע זיינען פֿון דאָרט אַוועק און האבען אַריינגעטרעטען אין אַ נייער העברעאישער שוהלע וואס איז תיכף געעפֿענט געוואָרען, און צו וועלכער אלע לעהרער (מיט נור איין אויסנאַם) זיינען אַריבער. די לעהרער פֿון ירושלים׳ער שוהלע אונטער דעם „הילפֿס־פֿעראיין,“ ניט באַקומענדיג קיין ענטפֿער פֿון דר. פּאָל נאַטהאַן אויף זייער מעמאָראַנדום, האבען איהם געשיקט אַן אולטימאַטיום אז אַבצעהן פֿון זיי וועלען רעזיגנירען, אויב זיי וועלען אין אַ משך פֿון פֿיער טעג ניט קריעגען אַ תשובה אז זייער פֿאָדערונג וועט באַפֿרידיגט ווערען. צו דער זעלבער צייט האבען זיי אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו פֿאַרבלייבען נאך צוויי חדשים, אום צו געבען דעם „הילפֿס־פֿעראיין“ צייט צו קריעגען אנדערע לעהרער.

איידער דער טערמין פֿון דעם אולטימאַטיום האט זיך געענדיגט, האט דר. נאַטהאַן און ה׳ כהן אָנגעפֿאַנגען פֿאַרהאַנדלונגען מיט די לעהרער וועלכע האבען ניט גע׳חתמ׳עט דעם מעמאָראַנדום, אז זיי זאָלען פֿאָרטזעצען זייערע דינסטען אין דער סעמינאַריע, און ווען די אינסטיטוציע איז ווידער ערעפֿענט געוואָרען איז דאס געווען אַרומגערינגעלט פֿון פּאָליציי „אום צו באַשיצען“ די אָנגעשטעלטע. מיט אַן אַבענד פֿריהער האט דער הויפּט פֿון דער סעמינאַריע, דוד יעלין, ערהאַלטען אַ בריף פֿון דר. נאַטהאַן אין וועלכען ער ערקלערט, אז די שפּראַך פֿראַגע און די רעזיגנאַציעס פֿון די לעהרער וועלען ענטשלאָסען ווערען אויף אַ זיצונג אין בערלין, דערוויל אָבער באַפֿרייט ער זיי פֿון זייערע דינסטען. ס׳איז געווען צו שפּעט אין אבענד בעקאַנט צו מאַכען אלע לעהרער אז זיי

דאַרפֿען ניט קומען מעהר אין דער שוהלע, און ה׳ יעלין האט באַוויזען עס מיטצוטיילען בלויז צו פֿריילין פינצאווער, הויפט לעהרערין פֿון די מיידלעך. די איבעריגע לעהרער האבען געהאַט בדעה פֿאָרטצוזעצען זייערע דינסטען ביז דעם אויסגאַנג פֿון באַשטימטען טערמין אין זייער אולטימאַטיום.

אָבער ווען די לעהרער זיינען דעם פֿאָלגענדען מאָרגען, דעצעמבער דעם 10־טען, 1913, געקומען אין שוהלע, און האבען קוים געהאַט אָנגעפֿאַנגען געבען זייערע לעקציאָנען, איז אַריינגעקומען דער דירעקטאָר פֿון „הילפֿס־פֿעראיין,״ ה׳ כהן, באַגלייטעט פֿון דייטשען קאָנסול־גענעראַל און איניגע פּאָליציי לייט אום זיי אַרויסצוטרייבען. די לעהרער האבען ניט געמאַכט קיין ווידערשטאַנד, און זיינען גאַנץ געלאַסען אַוועק פֿון דער שוהלע. די תלמידים וועלכע האבען זיך געהאט שטאַרק דערשראָקען האבען זיך פֿונאַנדער געוויינט, און זיינען דערנאָך אויך אַוועק פֿון דער שוהלע. פֿריילין פינצאווער וועלכע איז געווען די הויפט לעהרערין פֿאר פֿיער און אַ האַלב יאָהר פֿון דער מיידלעך שוהלע, אין לויף פֿון וועלכער די צאָהל פֿון די קינדער האבען זיך פֿאַרמעהרט פֿון 180 ביז 450, איז תיכף איבערגעגאַנגען צו דער ניי געשאַפֿענער העברעאישע שוהל, און 200 פֿון איהרע תלמידות זיינען מיט איהר מיטגעגאַנגען אין דער נייער העברע־אישער שוהלע וואס דער לעהרער פֿעראיין האט צוזאַמען מיט די לעהרער פֿון די „הילפֿס־פֿעראיין״ שוהלע, געגרינדעט.

דר. פּאָל נאַטהאַן האט באַרעכטיגט זיין האַנדלונג אין אַוועקשיקען די לעהרער אויף אַזאַ אופן ווי ער האט געטהון אויפ׳ן סמך פֿון דער באַשולדיגונג, אז ה׳ יעלין האט אויפֿגעפֿאָדערט די סטודענטען פֿון דעם העכסטען קלאַס אין סעמינאַריע אז זיי זאָלען איבערגעהן צו דער ניי געגרינדעטער העברעאישער שוהל. דיזע באַשולדיגונג איז געווען אַבסאָ־לוט אַ פֿאַלשע. יעלין איז אָבגעזאָגט געווארען נאך 25 יאָהר זעלבסט־אָפּפֿערענדע אַרבייט, פּשוט דערפֿאַר ווייל ער האט געקעמפֿפֿט מיט אייפֿער פֿאר דעם פּראָגרעס פֿון דער העברעאישער קולטור. די שענד־ליכע האַנדלונג געגען דוד יעלין איז נאך פֿאַרשאַרפֿט געווארען דורך דעם וואס זיינע תלמידים זיינען באַקאַנט געווארען, אז מ׳האט איהם אָבגעזאָגט איידער מ׳האט איהם זעלבסט מודיע געווען וועגען דעם.

דער רעזולטאַט פֿון דיזע פֿיינדליכע באַציהונג צו העברעאיש מצד דעם „הילפֿס־פֿעראיין״ איז געווען די אויפֿבויאונג פֿון זעקס נייע לעהר־אינסטיטוציעס, אין אלע פֿון וועלכע די למודים ווערען אונטעררי‍כטעט אין העברעאיש. די נייע העברעאישע שוהלען זיינען די העברעאישע צווישען־שוהלע אין חיפה, די עלעמאַנטאַרע שוהלע אין יפו, אַ לעהרער סעמינאַריע, אַ מיידעלעך און אַ אינגלעך שוהלע אין ירושלים, און אַ קינדער־גאָרטען לעהרער׳ס קורס. פֿון די 56 לעהרער אין די שוהלען פֿון

דעם „הילפֿס־פֿעראיין,“ האבען 41 אויפֿגעגעבען זייערע פּאָזיציעס, און פֿון די 1,115 תלמידים זיינען מעהר ווי העלפֿט אַריבער צו די נייע העברעאישע שוהלען. דיזע ציפֿער באַווייזען אויף אַ שלאָגענדען אופן דעם אידעאַליזם און די זעלבסט־אָפּפֿער פֿון די לעהרער פונקט ווי פֿון די תלמידים פֿאר דער אידישער אויפֿלעבונג. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז תיכף צוגעטרעטען מיט מאָראַלע און מאַטעריאַלע שטיצע פֿאר די נייע שוהלען, ווערהענד די באַפֿעלקערונג אין פּאַלעסטינאַ, די לעהרער און די תלמידים האבען אַליין בייגעשטייערט אויסצוהאַלטען די יעניגע סטודענטען, וועלכע האבען מיט שמחה מקריב געזוען די פּענסיעס פֿון דעם „הילפֿס־פֿעראיין.“

דיזע זאָנדערבאַרע און ריהרענדע פּאַסירונגען אין דאס לעבען פֿון פּאַלעסטינישען אידענטהום האט געהאַט אַ באַלדיגען ווידערקלאַנג אין אלע אידישע געמיינדען דורכאויס דער וועלט, און האט אַרויסגערופֿען אַן אַלגעמיינעם געפֿיהל פֿון סימפּאַטיע און באַוואונדערונג פֿאר די פֿאַרטיידיגער פֿון העברעאיזם, און אין דער זעלבער מאָס אַ געפֿיהל פֿון פֿיינדליכקייט געגען די יעניגע וועלכע האבען זיך באַמיהט איבערגעוואַלד אַרויפֿצוצווינגען דייטשטהום. די אַמעריקאַנער מיטגליעדער פֿון דירעקטאָריום פֿון דעם חיפה׳ער טעכנישען אינסטיטוט, האבען אויף אַ זיצונג דעם 18־טען יאַנואַר 1914, באַשלאָסען אַז העברעאיש זאָל זיין די הערשענדע שפּראַך ווי ווייט עס איז פּראַקטיש, און אז נאך זיעבען יאָהר אונטערריכטונג זאָלען אלע למודים זיין אין העברעאיש, סיידען עס וועלען ניט זיין קיין העברעאישע לעהרער אָדער טעקס־ביכער. צוליעב דיזער רעזאָלוציע פֿון אַמעריקאַ און די געגנערשאַפֿט צו׳ם „הילפֿס־פֿעראיין“ פֿון די רוסישע מיטגליעדער פֿון דירעקטאָריום, האבען ה׳ דזשיימס סימאָן און דר. פּאָל נאַטהאַן אָנגעגעבען זייער רעזיגנאַציע. זיי האבען אויך טעלעגראַפֿיש מודיע געווען אין פּאַלעסטינאַ אָבצושטעלען דאס בויען פֿון דעם אינסטיטוט, און 65 אידישע אַרבייטער זיינען געבליבען אָהן באַשעפֿטיגונג. שליסליך אָבער איז אַ פשרה געמאַכט געוואָרען. „אחד העם,“ דער זעליגער דר. טשלענאָוו און דר. לעווין זיינען ווידער געוואָרען מיטגליעדער פֿון דירעקטאָריום, און לויט דער פשרה וועלען די למודים פֿון פֿיזיקע און מאַטאָמאַטיקע אונטעררוכטעט ווערען אין העברעאיש ווען דער אינסטיטוט וועט געעפֿענט ווערען, און די אנדערע למודים וועלען אויך געלערנט ווערען אין העברעאיש נאך פֿיער יאָהר אונטערריכטונג אין אַן אַנדער שפּראַך. ביי דעם איז געבליבען ווען דער קריעג האט אויסגעבראָכען, און די ערעפֿענונג פֿון דעם אינסטיטוט אין חיפה איז אָבגעלייגט געוואָרען.

דיזע קורצע געשיכטע צייגט נור אז אין די לעצטע פּאָר יאָהר

פֿאר'ן קריעג איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין דעם „הילפֿס־פֿעראיין'ס" באַציהונג צו דער שפּראַכען פֿראַגע אין איהרע שוהלען אין פּאַלעסטינאַ, אָבער די דערמאָנטע פֿאַקטען אַנטפּלעקען ניט די סבה פֿון דיזע ענדערונג, און ערקלערען ניט די פֿאַרבאָרגענע כונות וועלכע האבען באַוואויגען די דירעקטאָרען פֿון „הילפֿס פֿעראיין" אין זייער האַנדלונג. די לעצטע האבען גע'טענה'ט, אז זיי באַקעמפּפֿען העברעאיש נור צוליעב פּעדאַגאָגישע גרינדע, אָבער זייערע אייגענע אָנגעשטעלטע לעהרער, וועלכע האבען געקענט אַם בעסטען אורטיילען, האבען באַשטריטען דעם דאָזיגען אַרגומענט. מ'דאַרף דאַריבער דריגגען אַז דער „הילפֿס־פֿעראיין" האט געענדערט די באַציהונג צו העברעאיש, ווייל די דייטשע רעגירונג האט בשתיקה אָנגעוואונקען, אז דער דייטשער איינפֿלוס דאַרף פֿאַרשטאַרקט ווערען אין פּאַלעסטינאַ, און אז די אידישע שוהלען דאַרפֿען געמאַכט ווערען ערציהונגס־אַנשטאַלטען פֿאר דער פּרייסישער קולטור. די דאָזיגע בייזע מחשבה איז ניט פֿאַרווירקליכט געווארען אַ דאַנק דעם פּאַלעסטינעשען אידענטהום, וואס האט זיך ערהויבען אין דער פֿאַרטיידיגונג פֿון העברעאיש אלס דאס הייליגסטע וואס זיי פֿאַרמאָגען.

און אויב די אידען אין פּאַלעסטינאַ האבען געקענט צייגען אַזאַ קנאה, מוטה און זעלבסט־אָפּפֿער פֿאר אַ ריין אידעאַלער זאַך, ווען זיי זיינען נאך געווען אונטער דעם יאָך פֿון טערקישער הערשאַפֿט, ווי לײדענ־שאַפֿטליך וועט שוין זיין זייער איבערגעבענקייט צו דער אידישער קולטור, ווען דאס וועט מעגליך זיין איינצופֿלאַנצען אין דער אידישער יוגענד אונ־טער די געבענשטע באַדינגונגען פֿון פֿרייהייט!